


# אין דעם לאַנד פֿון ריינקייט

# א.

דער פּראַגער רב האָט זיהר שטאַרק געהאַלטען פון טבילה און ער פּלעגט זאָגען:

— וואָס מער איינער טובל'ט זיך, וואָס מער איינער וואַשט און רייניגט זיין לייב, אַלץ ריינער און ליכטיגער ווערט זיין נשמה.

און נאָך פּלעגט ער זאָגען:

— אַן אומריינער מענש איז שווער און אַ ריינער מענש איז ליכט, אַזוי לייכט, אַז ער קאָן כמעט געהן איבער דער לופט.

אַן אַלע פּאַרטאָג, ווען דער מאָרגענשטערען איז אַן איין און איינציגער געשטאַנען איבער דעם פּראַגער הימעל פּלעגט דער פּראַגער רב ליב האָבען זיך טובל'ען אינאיינעם מיט עטליכע פון זיינע נאָהענטע חסידים אין די בלויע וואַסערען פון דעם זעהר ברייטען פּראַגער טייך.

און נאָך דער טבילה האָט זעהר אָפט געטראָפען, אַז דער רב פּלעגט אַרויסנעמען זיין טאַשענטיכעל, דאָס פאַרשפּרייטען אויפ'ן וואַסער און זיך אַרויפשטעלען אויף דעם, און אַזוי אַוועקפאָרען איבער'ן טייך, ביז ער פּלעגט פאַרשווינדען פון אויג, און נאָכדעם קומען צוריק אַ לייכטער און אַ ליכטיגער און דאָס טיכעל אונטער אים האָט זיך אפילו ניט איינגענעצט און ניט איינגעבויגען.

איינמאָל האָט געטראָפען, אַז ווען דער פּראַגער רב האָט נאָך זיין טבילה פאַרשפּרייט זיין טיכעל און זיך אַזוי אַוועקגעלאָזט פאָרען איבער די וואַסערען פון דעם גרויסען טייך, האָבען די

חסידים מיטאמאָל דערזעהן, ווי פון זעהר ווייט ארויף נעמען זיך אנטקעגען רב אויפשלאָגען גרויסע וואסערהויפענס, און באלד האָ־בען זיי דערזעהן, אז די וואסערהויפענס ווערען דאָס געוואָרפען פון א חיה, צי א פיש אזא, וואָס טראָגט זיך מיט גרויס אימפּעט גלייך אנטקעגען פּראגער רב. דער רב אָבער איז מיטאמאָל גע־וואָרען אזא ליכטיגער, אז דאָס וואסער ארום אים האָט גענומען שיינען אויף מיילען, און ער האָט גלייך אויפגעהויבען זיין שטעקען אנטקעגען דער שרעקליכער באשעפעניש. און אז די באשעפעניש האָט דאָס דערזעהן, האָט זי א שפּרונג געטאָן אין דער לופטען און גענומען לויפען אויף צוריק, דערביי איז אָבער עמיצער אראָפּ־געפאלען פון איר רוקען, איז דער רב אויף זיין טיכעל צוגעפאָרען צו דעם עמיצען און אים דערלאנגט זיין שטעקען. איז יענער גלייך ארויפגעשפּרונגען אויפ'ן שטעקען, זיך נאָכדעם אָנגעכאפּט אָן דעם רב'ס גארטעל. און ווען זיי זענען אזוי אינאיינעם אָנגעקומען צו־ריק צום ברעג, האָבען אלע מיט שרעק דערזעהן, אז דער עמיצער, איז דאָס בערעל פּראגער, דער דארער איד, דער סוחר, וואָס פלעגט אויספּאָרען וועלטען.

ב.

בערעל פראגער איז זיך געהאט געפאָרען נאָך סחורה אין ווייטע לענדער. און ער איז זיך אזוי געפאָרען, ביז ער איז אָנגע־קומען אין אַן איינפּאָר־הויז, וואָס איז געשטאנען אויפ'ן ברעג פון א זעהר שרעקליכער מדבר. ווי נאָר אָבער ער איז צוגעקומען צום הויז קוקט ער זיך אום און דערזעהט זעהר פיעל מענשען מיט וועגען און פערד, מיט קעמלען און אייזלען, און די מענשען האָבען מיט זיך פיעל געוועהר און זענען אלע באוואפענט פון קאָפ ביז די פיס. דערשרעקט זיך בערעל און טראכט:

— מן הסתם זענען דאָס גזלנים!

ער שטארקט זיך אָבער און באגריסט זיי, ווי עס פאסט פאר א אידען א סוחר און פרעגט:

פון וואנען קומט איר, פריינד, און וואוהין ציהען אייערע טריט?

ענטפערען זיי אים:

— מיר זענען אלע סוחרים פון פארשידענע לענדער און מיר ציהען קיין אפריקא נאָך סחורה.

וואונדערט זיך בערעל:

— אויב סוחרים פון פארשידענע לענדער איז פארוואָס האָ־בען זיי זיך גראָד אלע צונויפגעקליבען דאָ אויף דעם אָרט, און פארוואָס זענען זיי אלע אזוי שטארק באוואפענט?

דערקלערען זיי אים, אז דאָס דאָזיגע הויז איז פון שטענדיג אַן דאָס אָרט וואו עס קומען זיך צונויף די סוחרים, וואָס דארפען

איבערקרייצען די מדבר און זיי ווארטען דאָ אָפּ ביז עס זאמעלט זיך צונויף א גרויסע מחנה, דעמאָלט באוואפענען זיי זיך און לאָזען זיך אינאיינעם. וואָרים ווער וואָלט זיך דען אנדערש אונטערגעשטעלט דורכצוקרייצען אָט די שרעקליכע וויסטעניש וואו עס האלטען זיך אויף שלעכטע חיות און שרעקליכע רויבער באנדעס ? !

געפעלט בערלען זייער ענטפער און ער מאכט ביי זיך אָפּ, אז דאָס איז מן הסתם א גאָט זאך, וואָרים ער האָט זיך דאָך טאקע געקליבען צו פאָרען קיין אפריקא. און ער געהט און באהעפט זיך אָן דער מחנה און באוואפענט זיך ווי איינער פון זיי, און לאָזט זיך מיט זיי אין וועג אריין, אין וועג קיין אפריקע, איבער דער שרעקליך גרויסער און וויסטער מדבר, וואָס ציהט זיך און שפרייט זיך אויף גאנצע הונדערט טעג גאנג.

## ג.

זוי נאָר אָבער די גרויסע מחנה סוחרים איז אָפּגעגאַנגען אין דער מדבר ביי א פופציג טעג, זענען זיי פּלוצלונג באפאלען געוואָרען פון א באַנדע רויבער.

די סוחרים זענען דאָך אָבער געווען באוואפענט, האָבען זיי דערפאר אָנגעריכט א מלחמה געגען די שרעקליכע רויבער און זיי האָבען מיט זיי מלחמה געהאַלטען אַ גאַנצען טאָג ביז שפּעט אין אָוונט. און אז עס איז געקומען אין אָוונט האָבען זיך די סוחרים געשטארקט איבער די רויבער. און אז די רויבער האָבען דערזעהן, אז סאיז שלעכט האָבען זיי גענומען שליידערען שווערע שטיינער צו די אָנגעלאָדענע קעמלען און צו די עזלען און די פערד וואָרים זיי האָבען געוואוסט, אז דאָרטען מוזען זיך געפינען די לאָגלען מיט וואסער, וואָס די סוחרים פיהרען מיט זיך מיט אויף דעם לאַנגען וועג פון דער טרוקענער און זאמדיגער מדבר, און אז אויב זיי וועלען צעברעכען די לאָגלען וועלען זיך די סוחרים מוזען אונטערגעבען אָדער שטאַרבען פון דאָרשט.

ווען אָבער אויף דעם שטילען הימעל, וואָס איז געהאַנגען איבער די טרוקענע זאַמדען פון דעם ווילדען מדבר, האָט זיך באוויזען דער גרויסער מאָרגענשטערען, האָבען די גזלנים גלייך אויסגעדרעהט זייערע ווילדע פערד און זענען אנטרונען געוואָרען.

האָבען נאָכדעם די סוחרים אודאי געשיקט תפילות און האָבען געדאנקט און געלויבט, יעדערער צו זיין גאָט, דערפאַר וואָס זיי זענען נצול געוואָרען פון אזא רויבער־באַנדע. אָבער ווי נאָר

זיי האָבען זיך גענומען קליבען צוריק אין וועג אריין, האָבען זיי מיט שרעק דערזעהן, אַז זעהר פיעל לאָגלען זענען צו־בראָכען און אז זיי זענען געבליבען מיט זעהר ווייניג וואַסער.

איז אויף זיי אָנגעפאלען א גרויסער שרעק:

— סטייטש, זיי האָבען דאָך נאָך צו געהן פופציג טעג איבער די הייסע זאַמדען פון דער וויסטער מדבר, היינט ווי אזוי וועלען זיי אויסקומען אָהן וואַסער?!

האָט זיך דער עלטסטער פון די סוחרים אָנגערופען:

— הערט מיך צו, מיינע פריינד, מיט דעם וואַסער, וואָס איז נאָך פארבליבען אין די איבערגעבליבענע לאָגלען קאָנען מיר נאָך אפשר בשלום אָנקומען אין דעם לאַנד אפריקע, אויב קיינער פון אונז זאָל ניט נוצען דאָס וואַסער אויף צו וואַשען אָדער קאָכען, און יעדער פון אונז זאָל נאָר באַקומען א קליינע מאָס אויף צום טרינקען יעדען טאָג.

זענען די דאָזיגע רייד זעהר געפעלען געוואָרען די אלע אנ־דערע סוחרים, און זיי האָבען געזאָגט:

דו האָסט רעכט, אונזער האר און אונזער עלטסטער. און דאָס וואַסער זאָל טאקע זיין אונטער דיינע הענט און ווער עס וועט נעמען וואַסער אָהן דיין באַפעל זאָל געטויט ווערען.

ווי נאָר אָבער בערעל פּראגער האָט דערהערט אַזוינע רייד איז ער גלייך צוגעטראָטען צום עלטסטען און אזוי געזאָגט:

— גנעדיגער האר, דיין עצה איז אודאי קלוג און וואויל גע־פעלען, אָבער איך בין א איד, און אַ איד טאָר ניט דערמאָנען גאָט'ס נאָמען, און טאָר ניט עסען קיין מאָלצייט, איידער ער וואַשט זיינע הענט. דעריבער בעט איך דיך, מיר ארויסגעבען מיט איין מאָס וואַסער מער כדי איך זאָל קאָנען וואַשען מיינע הענט פאַר'ן גאָט בעטען און פאַר'ן עסען. און וויפיל דו וועסט פאַר־לאַנגען וועל איך דיר פאַר דעם צאָלען.

האָט זיך דער האר צו אים אָנגערופען, אויב דו גיסט מיר אוועק דיין גאנץ פארמעגען וועל איך דיר ארויסגעבען אן איבריגע מאָס וואסער יעדען טאָג אויף צו וואשען דיינע הענט פאר דיין עסען און פאר דיין גאָט בעטען.

טראכט ביי זיך בערעל פּראגער:

— מיין גאנץ פארמעגען באשטעהט פון א מיליאָן דוקאטען, דאָס איז אפילו א זעהר גרויס פארמעגען, אָבער וואָס איז דאָס אנטקעגען דער מצוה פון נטילת ידים! ווער פארמאָגט דאָס גאָר אזויפיל געלט, אז ער זאָל דאָס קאָנען פארגלייכען מיט אזא מצוה?...

און בערלען ווערט פון דעם מיטאמאָל זעהר גוט אויפ'ן הארצען און ער פּאקט אויף אינגאנצען זיין געלט און ער ברענגט דאָס צום עלטסטען און זאָגט צו אים מיט גרויס פרייד:

— דאָ האָסטו אינגאנצען מיין פארמעגען, א מיליאָן דוקאטען, איך גיב דאָס דיר אוועק פאר דער איבעריגער מאָס וואסער, וואָס דו פארשפּרעכסט מיר צו געבען יעדען טאָג אויף צו וואשען מיינע הענט.

האָבען זיך די אלע אנדערע סוחרים אודאי זעהר שטארק פארוואונדערט איבער דער דאָזיגער זאך, וואָרים, כאָטש זיי זענען אלע געווען פון אנדערע גלויבענס, האָבען זיי אָבער פאָרט פארשטאנען, אז ווען איינער גיט מיט פרייד אוועק זיין גאנצען פארמעגען כדי נאָכצוקומען זיין געבאָט, מוז ער אודאי זיין זעהר אן ערליכער און גאָטספאָרכטיגער מענש.; פונדעסטוועגען האָבען זיי אָבער פאָרט געהאט גרויס פארדראָס פאר דעם וואסער. און זיי האָבען זיך אָנגערופען:

— מיר האָבען דאָך אָבער פאָרט ווייניג וואסער!

האָט זיך דער עלטסטער צו זיי אָנגערופען און געזאָגט:

גלויבט מיר, קינדער מיינע, אז מיר אליין טוט אויך באנג

פאַר'ן וואַסער. איך האָב זיך אָבער נאָר אזוי ארויסגערעדט כדי אים צו פּריוועו. איצט אָבער קאָן איך שוין מיין וואָרט ניט בייטען, ווארים מיין וואָרט איז דאָך דאָס וואָרט פון אייער עלטסטען. עס איז זיין גליק. ער זאָל יעדען טאָג קריגען אן איבעריגע מאָס וואסער אויף צו וואשען זיינע הענט, וואָס איז אים פאָרגעשריבען פון זיין גלויבען, און זיין פארמעגען זאָל דערפאר פאנאנדערגעטיילט ווערען צווישען אייך. יעדער פון אייך זאָל קריגען א גלייכען חלק.

און דער עלטסטער האָט גלייך פאנאנדערגעטיילט דעם מיליאָן דוקאטען צווישען דער מחנה כדי צו שטילען זייער כעס.

בערעל אָבער האָט וועגען זיין געלט גאָרניט געטראכט, און האָט זיך דעם גאנצען איבעריגען וועג פון דער שרעקליך גרויסער מדבר געפיהלט גוט און פרעהליך. און יעדעס מאָל, וואָס ער פלעגט וואשען זיינע הענט מיט דער מאָס וואסער פלעגט זיין פנים אויפשיינען פון פרייד, ווי א ליכטיג פייער.

און די אנדערע סוחרים פלעגען דערביי קוקען אויף זיין ליכטיג אויפגעשיינטען פנים און פלעגען שטוינען.

און איינמאָל האָבען זיך די סוחרים צו אים אָנגערופען און אזוי געזאָגט:

— מיר זעהען דאָך איין, אז דו ביזט א גרויסער און גאָטספאָרכטיגער מענש, איז דאָך ניט רעכט פון אונז, מיר זאָלען פון דיר דערפאר אוועקנעמען דיין פארמעגען. נעם דיר דעריבער צוריק דיין געלט מיט וועלכען דו האָסט זיך געלאָזט אין אזוינע ווייטע לענדער נאָך סחורה. האנדעל מיט דעם און זאָל דיר דיין גאָט העלפען. און וואסער צו וואשען דיינע הענט נאָך דיין געבאָט, וועלען מיר דיר סיי ווי געבען.

בערעל אָבער האָט געענטפערט:

ניין, מיינע פריינד, איך בין א איד א סוחר, און די

וואָס איך האָב ביי אייך איינגעהאנדעלט פאר מיינע דוקאטען איז אזא סחורה, אז איך האָב אויף איר קיין חרטה ניט, און איך וועל ביי אייך דערפאַר דאָס געלט צוריק ניט נעמען.

זאָגען זיי אים:

— אָבער וואָס ווּעסטו פאָרט טאָן אָהן געלט אין אזא ווייטען און פרעמדען לאנד?

זאָגט צו זיי בערעל פּראגער:

— זאָרגט זיך ניט, מיינע פריינד. מיר האָבען א גרויסען גאָט אויף דער וועלט. און אויב ער וועט וועלען, וועט נאָך בערעל פּראגער צוריק רייך ווערען. און אפשר וויל דאָס טאקע גאָט, אז בערעל פּראַגער זאָל שוין מער קיינמאָל רייך ניט זיין. דאַרף איך דאָך אודאי זיין צופרידען, וואָס ער האָט דאָס געמאכט אויף אזא אופן. וואָרים ער האָט דאָך געקאָנט מאכען, אז איך זאָל אייך ניט טרע־פען, און אז די גזלנים זאָלען מיך אליין איבערפאלען, און זאָלען ביי מיר צונעמען דאָס געלט, און זאָלען מיך נאָך דער'הרג'ענען אויך, צום סוף האָט ער גאָר געמאכט אזוי, אז פאר מיין געלט האָב איך איינגעהאנדעלט אזא שעהנע מצוה.

איז זיי אלעמען זעהר געפעלען געוואָרען זיינע רייד און זיי האָבען צו אים אויסגערופען:

— בערעל פּראַגער, דו ביזט אין דער אמת א זעהר גרויסער און גאָטספאָרכטיגער מענש, און דו ביזט דערפאר אויסדערוועהלט געוואָרען פאר זעהר גרויסע זאכען!

און ווי נאָר זיי האָבען דאָס אָפּגעזאָגט אזוי זענען זיי ניט געוואָרען...

און ווען בערעל פּראגער האָט זיך נאָכדעם אומגעקוקט האָט ער דערזעהן לעבען זיך אן אלטען מאן מיט א זעהר ליכטיגען פּנים און דער ליכטיגער אלטער האָט אין איין האנט געהאלטען א פולען

קרוג און אין דער אנדערער אן אָנגעפילט פלעשעל. און ער האָט אים פריהער דערלאַנגט דעם קרוג און געזאָגט:

נא, דאָ האָסטו דיר דיין געלט און א בינטעל מיט אזא שלאָפ־געטראַנק. אויב דו מישט דאָס שלאָפגעטראַנק אוים מיט וויין און וואסער וועלען די, וואָס טרינקען דאָס נאָכדעם זיך נאָר קאָנען האלטען אויף די פיס ביז דער האָן וועט קרעהען, און אויפכאפּען וועלען זיי זיך קאָנען ערשט דעמאָלט ווען דו וועסט דאָס אויף זיי גוזר זיין.

נאָכדעם האָט אים דער גרייז אויך איבערגעגעבען דאָס פלע־שעל און געזאָגט:

דאָ אין דעם פלעשעל איז פאראן אזא שווארצע זאפט, אויב נאָר א טראָפּען פון דעם זאפט וועט פאלען אויף דעם רוקען פון א בייזער חיה, וועט זיך פון דעם אָנצינדען א בראנד אין אירע ביינער, און זי וועט נעמען ברענען ביז זי וועט פארלענדט ווערען.

און ווי נאָר בערעל פראגער האָט צוגענומען דעם קרוג פון זיינע הענט אזוי האָט דער ליכטיגער גרייז בלויז נאָך איין פינקעל געטאָן און איז ניט געוואָרען.

## ד.

איז בערעל פּראגער נאָכדעם געבליבען איינער אליין אין מיטען פון דער גרויסער מדבר. ער האָט זיך גענומען אומקוקען און האָט אין אלע זייטען געזעהן בלויז נאכט און זאמד און שטערען אָהן א שיער.

שטעהט זיך אזוי בערעל און טראַכט:

— וואָס טוט מען איצט?

נאָר אָט דערזעהט ער מיטאמאָל א גרויסען וואלד ערגיץ דאָרטן ווייט ארויף, פּונקט אין יענער זייט וואוהין דער ליכטיגער גרייז האָט אוועקגעפינקעלט. נעמט בערעל פּראגער רעדען צו זיך אין זיין הארצען:

מילא, דאָס וואָס עס איז מיט מיר דאָ פאָרגעקומען האָט דאָך מן הסתם מיט מיר געדארפט פאָרקומען. און איצט איז מיר ווייזט אוים באשערט צו געהן אין דעם וואלד אריין, וואָרים אז ניט קומט דאָך מיר אוים צו געהן צוריק אין דער מדבר, וואָס איז וויסט און פוסט. און א וואלד איז דאָך פאָרט א וואלד. מען קאָן דאָרט אפשר געפינען וואסערקוואלען און אפשר אויך פרוכטבוי־מער, וועל איך מיר דאָרט דערווייל קאָנען דאָס לעבען דערהאלטען ביז איך וועל אפשר אזוי מיט׳ן וואלד צו א מענשליכען ישוב קומען.

און ער לאָזט זיך אזוי מיט א געשטארקטען הארץ אין דעם שרעקליכען וואלד אריין. און אזוי איז ער זיך אָפּגעגאנגען דעם גאנצען טאָג אין דעם גרויסען טיפען וואלד מיט א פרעהליך געמיט,

כאָטש קיין עסען און קיין טרינקען האָט ער אין ערגעץ ניט געפונען.

און ווען עס איז געוואָרען פארנאכט האָט ער פאר זיך מיט אמאָל דערזעהן א זעהר וואונדערבארען בוים, דער בוים איז געווען צווייאוןזיבעציג איילען די גרעב, און זיינע צווייגען — צו צוועלף איילען, און אזוי אויך זיינע וואָרצלען, וואָס האָבען זיך אזש ארויסגעהויבען פון דער ערד אויף א סך איילען. און לעבען איינעם פון די גרויסע וואָרצלען דערזעהט בערעל א זעהר גרויסען שטיין, דער שטיין איז זעהר דיק, און איז צען איילען די הויך און צען איילען די ברייט, פארוואונדערט זיך בערעל זעהר אויף דעם בוים און אויף דעם שטיין, און ער מאכט ביי זיך אָפּ, אז דאָ מוז עפּעס זיין. עפּעס זעהט עס ניט אויס צו זיין גלאַט אזוי א בוים און גלאַט אזוי א שטיין.

און בערעל איז זיך מישב און קריכט ארויף אויף א צווייג וואָס איבער'ן שטיין, זעצט זיך דאָרט אוועק און קוקט און ווארט.

און ווי נאָר עס איז געוואָרען נאכט און פינסטער אין דעם וואלד, האָט בערעל מיטאמאָל דערהערט דאָס אָנקומען פון רייטער אויף פערד און דאָס קלאַפּען פון שווערדען. און אין עטליכע מינוט ארום דערזעהט ער ווי פון צווישען די געדיכטע בוימער קומען ארויס א גרויסע באנדע רויבער, אלע באשילדט און באפּאנצערט און אלע זענען גרויס און שטארק ווי ריזען. און אָט האָט איינער פון זיי אָנגעצונדען א גרויסען לאמטערען און דער לאמטערען האָט פון זיך ארויסגעגעבען אזא שיין, אז עס איז ארום זיי שטארק ליכטיג געוואָרען, און ביי דעם שיין האָט בערעל פּראגער מיט שרעק דערזעהן, אז די אלע רייטער זיינען גרוי ווי מייז!.. און באלד איז פאר זיי ארויסגעפּאָרען איינער, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין גאָלדענע קליידער און מיט א גאָלדענער קרוין אויף זיין קאָפּ. די קרוין איז געווען באזעצט מיט אזוינע טייערע שטיינער,

וואָס האָבען געפינקעלט אין דער נאכט, ווי שטערען. האָט בערעל פראגער גלייך פארשטאנען, אז דאָס איז געווים זייער קעניג און איז זיך אזוי געלעגען מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם צווישען די געדיכטע צווייגען פון דעם גרויסען בוים און האָט געזעהן ווי דער דאָזיגער קעניג זייערער איז צוגעפאָרען צו דעם גרויסען שטיין, וואָס איז געלעגען לעבען וואָרצעל, און האָט אָנגערופען דעם שטיין ביים נאָמען און געזאָגט צו אים „מאך זיך אויף!“

האָט זיך דער שטיין גלייך אויפגעמאכט, ווי א גרויסער טויער, און דער גרויער קעניג איז אויף זיין פערד דער ערשטער אריינגעפאָרען אין דער גרויסער עפענונג, און די איבעריגע גרויע רייטער זענען פאָרוויז נאָכגעפאָרען נאָך אים, ביז זיי זענען אַלע אריינגעפאָרען אינעווייניג.

און בערעל פראגער האָט זיך דערווייל גוט איינגעהערט דעם נאָמען פון דעם שטיין אזוי אז ער זאָל אים ניט פארגעסען. און ער האָט זיי נאָכגעקוקט און האָט זיי איבערגעצעהלט, כדי טאָמער מאכט זיך עפּעס זאָל ער, בערעל פראגער, וויסען וואָס ווער און וועמען. און ער האָט געזעהן, אז זיי זענען געווען טויזענט מאן שטארק, און אז זייערע אלעמענס פנים'ער זענען געווען גרוי. נאָר איינער איז צווישען זיי געווען א ווייסער, א יונגער און א ליכטיגער... און ווי נאָר די לעצטע פּאָר פון זיי איז אריין, אזוי האָט זיך דער שטיין גלייך צוריק צוגעמאכט.

טראכט ביי זיך בערעל פראגער:

— אז גאָט נעמט א אידען און פארוואָרפט אים אין אזא ווילדען וואלד, און ברייננגט אים צו אזא בוים, און ווייזט אים אזוינע זאכען, איז דאָך מן הסתם ניט אומזיסט.

און ער מאכט ביי זיך אָפּ איבערנעכטיגען אויף דעם בוים און זעהן, וואָס וועט דאָ מאָרגען זיין, וואָרים ווער ווייס צוליב וואָס פאר א שליחות ער איז אהער געבראכט געוואָרען.

ה.

און אויף מאָרגען אין דער פריה, איז ווי נאָר דער מאָרגען האָט גענומען וועקען די בוימער, ווי נאָר דער ערשטער שיין האָט זיך גענומען לייגען אויף די בלעטער פון די צווייגען, אזוי האָט בערעל געעפענט זיינע אויגען און דערזעהן, אז דער שטיין האָט זיך ווידער געעפענט און דער קעניג פאָרט פון דאָרט ארויס און נאָך אים פאָרען פאָרוייז די אלע איבעריגע. האָט זיי בערעל ווי־דער געצעהלט און האָט געזעהן, אז איינער פון זיי פעהלט און אז דער איינער איז דער יונגער, דער ווייסער...

דער שטיין האָט זיך צוריק פארמאכט און די גרויע רייטער האָבען זיך אויף זייערע שנעלע פערד אוועקגעלאָזט אין דעם טיפען וואלד. איז זיך בערעל פראַגער געבליבען איינער אליין אויפ'ן בוים. ליגט ער זיך אזוי און טראַכט:

— דער וואָס לעבט אייביג האָט דאָך מיך געוויס אהערצו ניט געבראַכט צוליב דעם, אז איך זאָל זיך אוועקלייגען אויפ'ן בוים און ליגען. און וואָס איז גלאט דער תכלית פון ליגען? וואָס בין איך דאָס א שטיין, א שטיק זאַלץ חלילה! און דערצו וועל איך דאָרט אפשר געפינען אביסעל וואסער, וועל איך זיך וואשען, וועל איך נאָכדעם קאָנען דאווגען און עסען און בענשען.

און בערעל קריכט אראָפּ פון דעם בוים און געהט צו צום שטיין און רופט אים אָן ביים נאָמען און זאָגט צו אים:

— מאך דיך אויף!

האָט זיך דער שטיין גלייך אויפגעעפענט, און בערעל האָט פאר זיך דערזעהן א גרויסע און ליכטיגע הייל.

מאכט בערעל עטליכע טריט אין דער הייל אריין און שטעלט זיך אָפּ און קוקט זיך אום אין אלע זייטען און דערזעהט פאר זיך א גרויסען טייך און שעהנע פאלאצען ביי די ברעגען, מיט גערטנער, מיט בלומען, מיט פרוכטבוימער און מיט אלערליי שמעקענדיגע געוויקסען, וואָס זייער ריח איז א זעהר גרויסער תענוג.

פריהער פון אלץ איז בערעל פראגער צוגעגאנגען צום טייך און זיך געוואשען, ווארים ווי קאָן א איד זאָגען א אידיש וואָרט איידער ער האָט זיך געוואשען, און ווי ער וואשט זיך אזוי פארשמעקט אים דער אָטעם פון דעם פרישען וואסער, דאָס וואסער רופט ממש מען זאָל זיך אין דעם טובל זיין.

נעמט בערעל טראַכטען:

— איצט קאָן דאָך זיין איז פונקט די מינוט ווען דער פראגער רב טובל'ט זיך אין דעם פראגער טייך און די וואסערען פון דעם טייך שיינען זיך דורכדעם דאָרט אזוי פאנאנדער, ווי זיי וואָלטען געווען פארשפרייט מיט פינקלענדיגע שטערען.

און בערעל דערפיהלט אין זיך א זעהר שטארק בייגקען נאָך דער שטאָט פראג און נאָך דעם גרויסען און ליכטיגען פראגער צדיק, דעם בעל מופת, און ער מאכט ביי זיך אָפּ: — אָט ער וועט זיך אויסטאָן און וועט אריין און זיך אָפּ'טובל'ען אין דעם דאָזיגען וואסער — אלע טייכען לויפען דאָך אין ים אריין, וועט זיך אפשר דאָס וואַסער פון דעם טייך פינקט ערגעץ אָנטרעפען מיט די וואסערען פון דעם פראגער טייך.

אָבער ווי נאָר בערעל פראגער וויל זיך שוין נעמען צוגרייטען צו דער טבילה, שלאָגט זיך אין דעם וואסער מיטאמאָל אָפּ די אָפּשפיגלונג פון דער זון.

פארוואונדערט זיך בערעל:

— ווי קומט אין א הייל א זון?

און ער כאפּט זיך, אז די זון איז גאָר פון דימענטען אזוינע.

— דאָס איז מן הסתם אלץ געמאַכט מיט כשוף, טראַכט ער, און ער בלייבט פאר א רגע שטעהן א דערשראָקענער, און לאָזט זיך נאָכדעם גלייך צום ארויסגאנג פון הייל.

דערהערט בערעל אָבער באַלד א זעהר שווערען זיפץ פון א מענשען און בלייבט שטעהן:

— א מענש זיפצט, און אזוי שווער! ווער קאָן דאָס זיין?

באַלד אָבער כאַפּט ער זיך, אז דאָס איז מן הסתם דער וויי־סער מענש, וואָס די גרויע רוצחים האָבען אהערצו נעכטען געבראַכט.

— אז וויבאַלד אזוי — טראַכט בערעל — הייסט דאָך דאָס, אז א מענש איז דאָ געפאנגען. און ווער ווייס, וואָס עס קאָן דאָ מיט אים געשעהן. און אפשר האָבען מיך דאָס טאַקע מיינע טריט אהער־צו געבראַכט, כּדי איך זאָל אים ראַטעווען פון זייערע הענט?

און בערעל לאָזט זיך נאָכ'ן קול, און ער קומט צו צו א פּאַלאַץ עפענט ער אויף די טיר און נעמט זיך געהן איבער די חדרים ביז ער קומט אריין אין א חדר און דערזעהט פאר זיך דעם שעהנעם ווייסען מענשען געשלאָסען אין קייטען.

פרעגט ביי אים בערעל:

— ווער ביזטו און ווי קומסטו אהער?

— דערשרעקט זיך יענער און הויבט אָן:

— וואָס מאַכסטו זיך כלומר'שט דו ווייסט ניט ווער איך בין און וואָס איך טו דאָ!? דו ביזט דאָך מיך געקומען הרג'נען, טאָ הרג'ע און פּטור.

קוקט אים בערעל אודאי אָן מיט א שמייכעל, און זאָגט:

— טע־טע־טע! מיין שעהנער יונגערמאַן, דו מוזט דאָך שיין אודאי זיין זעהר שטארק אָנגעשראָקען, אז איך, בערעל פּראַ־גער, זאָל דיר אויסקוקען ווי א גזלן, ווי א רוצח פון וואַלד. שרעק זיך ניט מיין פריינד, איך טראָג מיט זיך בלויז א קרוג מיט וואסער

אויף צו וואשען זיך איידער איך נעם זיך גאָט בעטען, אויף צו וואשען זיך איידער איך נעם עסען, אויף צו וואשען זיך איידער איך נעם נאָכ'ן עסען גאָט לויבען, וואָרים איך בין א איד, און דארף זיך האלטען ריין פון גאָט'ס וועגען.

— א איד! ? — רופט זיך יענער אָן, — אויב אזוי זאָלסטו וויסען, אז איך בין דער בן מלך פון דעם לאנד פון ריינקייט און די אידען זענען ביי אונז זעהר גרויסע מיוחסים, אָבער מיר וועט שוין מער קיינמאָל ניט באשערט זייז זיך אומצוקערען אין מיין ליב לאנד, אין דעם לאנד פון ריינקייט, וואָרים די גרויע רויבער וועלען מיר נאָך היינט אָוועקנט אויסשניידען מיין הארץ.

— עה, נארישקייטען — זאָגט בערעל. — וואָס הייסט זיי וועלען דיר אויסשניידען דיין הארץ! ? און וואו איז גאָט ? ! — און בערעל איז דאָ מיטאמאָל אריין איז אזא גרויסען כעס אויף די רוצחים, וואָס האָבען חשק אויסצושניידען ביי א מענשען דאָס הארץ, אז ער האָט זיך גאָר פארגעסען, אז ער איז ניט מער ווי א דארער איד, א סוחר. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם קרוג און האָט זיך מיט זיינע הענט א וואָרף געטאָן צו די קייטען, אין וועלכע דער שעהנער בן מלך איז געווען איינגעשמידט. — און דער כעס האָט בערעל פראגער געמאכט שטארק ווי א ריז און די קייטען זענען זיך צעפאלען אונטער זיינע הענט און דער בן מלך איז פאר אים געבליבען שטעהן א באפרייטער.

דעמאָלט האָט ערשט בערעל פראגער דערזעהן דעם בן מלך אין זיין גאנצער שעהנקייט און האָט זיך ערשט אויף דער אמת'ן פארוואונדערט, וואָרים אזא שעהנעם יונגען מענשען האָט ער נאָך אין זיין לעבענסטאָג ניט געזעהן.

נעמט בערעל און לייגט זיך נאָכדעם אריין די האנט אין באָרד, קוקט אויפ'ן שעהנעם בן מלך און טראכט פאר זיך און טראכט און רופט זיך צו אים נאָכדעם אָן אזוי :

— הער מיך אויס, מיין פריינד, מיר דארפען דאָ קיין צייט ניט פארלירען, איך זעה איצט באשיינפּערלעך אז גאָט האָט מיך אהער געבראכט כדי איך זאָל דיך אויסלייזען פון זייערע הענט. איז דערפאַר מיין עצה אזא — דו נעם אַ שטיק פּאפּיר און שרייב אויף אים גלייך אויף אזוי:

איר גרויע, מיאוס׳ע מערדער זאָלט זיך קיינמאָל ניט קאָנען בארימען, אז איר האָט דער׳הרג׳עט דעם שעהנעם בן מלך פון דעם לאנד פון ריינקייט. דאריבער געה איך און הענג מיר אויף אַ שווערען שטיין אויפ׳ן האלז און וואַרף זיך מיט גרויס פרייד אריין אין דעם טיפען וואסער. איך וועל מיך בעסער אליין דער־טרינקען איידער לאָזען אז אייערע רויבערישע הענט זאָלען מיך דער׳הרג׳ענען.

האָט דער בן מלך געלויבט בערלען און האָט געטאָן ווי ער האָט אים געהייסען.

און בערעל האָט נאָכדעם גענומען און אריינגעוואָרפען דעם בן מלכ׳ס קייטען אין טייך אריין, און דעם בן מלכ׳ס הוט האָט ער אוועקגעלייגט לעבען וואסער, און דאָס פּאפּיר האָט ער איבער־געלאָזט אויפ׳ן טיש פאר׳ן מלך פון די רויבער. און נאָכדעם האָבען זיי מיט זיך מיטגענומען אן אנדער היטעל פאר דעם בן מלך און אַ סך גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער און האָבען מיט זיך מיטגענומען ברויט און וואסער און זיי זענען ארויס פון דער הייל און זענען אוועק.

ז.

´אַז בערעל פּראַגער און דער שעהנער בן מלך זענען שוין געווען ווייט פון דער הייל האָבען זיי אודאי געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט זיי ארויסגעהאָלפען ביז איצט, און זיי האָבען זיך געוואַשען און געזעצט עסען.

ביים עסען רופט זיך בערעל אָן צום בן מלך:

— אָט איצטער ערשט דערצעהל מיר טאקע אויף אן אמת'ן ווער דו ביזט און ווי אזוי דו קומסט ארײנצופאלען אין די הענט פון די דאָזיגע גרויע רויבער.

רופט זיך דער בן מלך אָן:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז איך בין דער בן מלך פון דעם לאנד פון ריינקייט.

— וואָסזשע — זאָגט בערעל — עס איז טאקע מיט אן אמת'ן פאראן אזא לאנד, וואָס הייסט דאָס לאנד פון ריינקייט?

— געוויס. — רופט זיך אָן דער בן מלך.

— אזוי! — רופט זיך בערעל אָן א פארוואונדערטער — מוז דאָך דאָס מן הסתם אודאי זיין א זעהר וואונדערליך לאנד. עפּעס א קליינינגקייט, אַ לאַנד, וואָס הייסט דאָס לאַנד פון ריינ־קייט! און דאָס געפינט זיך מן הסתם ערגעץ דאָ, ניט ווייט פון דער מדבר. אָט די מדבר איז דאָ א פּנים פול מיט סודות און מיט וואונדער. נו, נו, מן הסתם איז דאָך מיר אזוי באשערט, אז ניט ווי דען קום איך צו די דאָזיגע אלע זאכען. נו, נו מילא, אז גאָט וויל

אזוי, טאָ זאָל זיין אזוי, וואָס קאָן זיך א מענש העלפען. נאָר אדרבה, דערצעהל מיר טאקע פאָרט, ווי אזוי דו ביזט ארייננגע־פאלען אין זייערע הענט.

דערצעהלט אים דער שעהנער בן מלך, אז זייער לאנד, דאָס לאנד פון ריינקייט, געפינט זיך טאקע לעבען דער מדבר, ניט ווייט פון אָט דעם גרויסען שווארצען וואלד. האָט זיך איינמאָל געמאכט, אז פון דעם וואלד האָט זיך מיטאמאָל געגומען הערען א זעהר מיאוס קול פון עפּעס א חיה. און אזוי ווי דאָס לאנד פון ריינקייט קאָן אפילו קיין מיאוס קול ניט פארטראָגען האָט דעריבער זיין פאָטער, דער מלך ארויסגעשיקט א גרויסע מהנה גבורים, זיי זאָלען זיך אוועקלאָזען איבער דעם וואלד זוכען די שרעקליכע חיה, וואָס שיקט אירע מיאוס'ע קולות אין אונזער לאנד אריין פונקט ווי זי וואָלט זיך מיט אונז רייצען. זענען די גבורים אוועק און זענען צוריק ניט געקומען, האָט זיך דאָס לאנד אודאי דערשראָקען, וואָרים די גבורים, וואָס מען האָט ארויסגעשיקט זענען געוועזען פון די שטארקסטע אין לאנד, און דער אָנפירער איז געוועזען איינער א זעהר גרויסער העלד, וואָס מיין פאָטער און דאָס גאנצע לאנד האָט זיך אויף אים זעהר שטארק אָנגעלעהנט. האָט מען גלייך ארויס־געשיקט נאָך א גרויסע מהנה פון געקליבענע גבורים, אָבער פון דער דאָזיגער מהנה האָבען זיך בלויז צוריקגעקערט צוויי, וואָס האָבען דערצעהלט, אז די גאנצע מהנה איז באפאלען געוואָרען פון א שרעקליכער באנדע גרויע רויבער. די רויבער האָבען אלע איבעריגע אויסגע'הרג'עט און נאָר זיי צוויי האָבען זיך געראטע־וועט. האָבען מיר אָפּגעוואַרט א שטיק צייט, און האָבען ווידער צונויפגעשטעלט א מהנה, נאָך א גרעסערע פון פריהער, אָבער אויך די מהנה איז צעשלאָגען געוואָרען, און נאָך יעדער פאר־לאָרענער שלאכט האָבען מיר דערזעהן, אז דער שווארצער וואלד וואקסט אלץ נעהענטער און נעהענטער צו אונזער לאנד פון ריינ־

קייט. האָב איך זיך אָנגערופען צו מיין פאָטער און האָב צו אים געזאָגט:

— זעהסט דאָך, פאָטער, אז אונזער לאַנד איז אין א שרעקליכער סכנה, לאָז מיך געהן מיט א מחנה אנטקעגען דעם שרעקליכען פיינד, אפשר וועט איך וועל זיין צווישען דער מחנה וועלען זיי זיך שלאָגען בעסער און מיר וועלען זיך שטארקען איבער זיי און מיר וועלען זיי פארטרייבען פון דעם לאַנד.

האָט מיין פאָטער מיך אודאי ניט געוואָלט לאָזען, נאָר ווען איך האָב זעהר שטארק געבעטען, האָט ער זיך ניט געקאָנט העלפען און האָט מיר נאָכגעגעבען. די בייזע רויבער זענען אָבער גלייך געוואָר געוואָרען פון אונזער קומען, און זיי האָבען געגען אונז אָנגעריכט א שרעקליכע מלחמה. נאָר א פּאָר הונדערט פון זיי זיינען ארויסגעקומען אנטקעגען אונז, און ווען מיר האָבען זיי גענומען נאָכיאָגען, זיינען מיר אריינגעפאלען אין א שרעקליכער פאסטקע, וואָס זיי האָבען פאר אונז פארגרייט. אלע מיינע קריגער האָבען גענומען פאלען פונ׳ם שאַרף פון זייער שווערד, נאָר איך איינער בין געבליבען לעבען, ווארים איך האָב באַצייטענס דערזעהן די געפאר און אן אויסגעהאקטער בוים האָט מיך באשיצט. זיי האָבען מיך אָבער אויפגעזוכט און געפאנגען א לעבעדיגען, און געבראכט צוריק אין הייל. דאָרטען האָבען זיי מיר געזאָגט, אזוי ווי זיי זעהן דאָך אָן מיר, אז איך בין א בן מלך, און אזוי ווי זיי האָבען אויף היינט גענוג לעבעדיגע הערצער, וועלען זיי מיך דערפאר לאָזען לעבען ביז מאָרגען. מאָרגען, אָבער, וועלען זיי מיך הרג׳נען, ווארים זיי וועלען דארפען א לעבעדיג הארץ פאר זייער גאָט.

ווי נאָר בערעל פראגער האָט דערהערט די דאָזיגע רייד, איז ער אודאי ווידער געוואָרען אויסער זיך פאר כעס.

— סטייטש, דאָס וואָס זיי זיינען גזלנים איז זיי נאָך קארג,

דינען זיי נאָך צו עפּעס אַזאַ מין גאָט, צו וועלכען מען דאַרף מקריב זיין לעבעדיגע הערצער. גרויסער גאָט! וואו איז דען אַזוינס געהערט געוואָרען? אַזוינע דאַרף מען דאָך טאַקע געהן אויס־ראָטען מיט'ן וואָרצעל.

— אודאי דאַרף מען, — האָט זיך דער בן מלך אָנגערופען.

בלייבט בערעל אַזוי שטעהן אינמיטען עסען, נעמט מיט זיין האַנט אָן זיין באָרד, קוקט אַ ווייַלע אויפ'ן שעהנעם בן מלך און טראַכט:

איך האָב געמיינט, אַז גאָט האָט מיך געבראַכט ביז אַהערצו נאָר כדי צו ראַטעווען דעם שעהנעם בן מלך פון דעם לאַנד פון ריינקייט. אָבער וויבאַלד דאָס זענען גאָר אַזוינע שרעקליכע באַ־שעפעניסען, וואָס דאַרפען מענשליכע הערצער פאַר קרבנות, וויל דאָך מן הסתם דער אויבערשטער פון מיר פיעל מער, וואָרים אויב ניט וואָלט ער דאָך מיך איצט ניט געלאָזט וויסען פון אָט דער שרעקליכער זאַך.

און בערעל פּראַגער קוקט אַלץ אַזוי אויפ'ן שעהנעם בן מלך און טראַכט אַלץ און טראַכט, ביז מיטאַמאָל דערפיהלט ער אַ מיד־קייט אין די גלידער, דאָס דאַרע פּנים ווערט אים נאָך דאַרער, די אויגען וואָלטען זיך אים וועלען צומאַכען... און ער דערזעהט פּלוצלונג, אַז אויפ'ן אָרט פון דעם שעהנעם בן מלך זיצט גאָר דער פּראַגער רב...

רבי, רבי! — וויל בערעל זאָגען, אָבער ווי נאָר ער צעעפענט דאָס מויל קומט ער מיט אַמאָל צו זיך, און דערזעהט, אַז ניט דער פּראַגער רב זיצט פאַר אים, נאָר דער שעהנער בן מלך.

אָבער דאָס וואָס בערעל האָט פאַר זיך דערזעהן דעם פּראַגער רב בלויז פאַר אַ מינוט, האָט בערלען צוגעגעבען זעהר אַ סך כח, און ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבען פון זיין אָרט און האָט זיך אָנגערופען צום בן מלך:

— מיין טייערער בן מלך. זיי וויסען, אז מיר מוזען זיך איצט איילען צו דיין לאנד, וואָרים עס איז פּשוט א שאָד די צייט. וואָרים דו דארפסט וויסען, אז איך בין א איד פֿון פּראג, און איך הייס בערעל פּראגער, און אין פּראג האָבען מיר א זעהר גרויסען רב, דאָס איז דער גור אריה, דער בעל מופת. און איך האָב אים אָט ערשט געזעהן פאר מיינע אויגען. און אז איך האָב אים געזעהן — הייסט דאָס — אז אלץ וועט מיט גאָט'ס הילף זיין ווי עס דארף צו זיין. און א פּלאן האָט מיר טאקע נאָר וואָס גאָט צוגעשיקט זעהר א גוטען. איך דארף נאָר האָבען נאָך עטליכע מענשען מיט אונז און גאָט וועט העלפען.

און ווי נאָר דער בן מלך האָט דערהערט אָנרופען דעם נאָמען —'פּראָג און דעם נאָמען פון דעם פּראָגער רב דעם בעל מופת האָט ער זיך גלייך דערפיהלט ריינער און ליכטיגער, וואָרים דאָס ליכטיגקייט פון דעם פּראָגער רב איז געוועזן א טייל פון זיין אייגענער לויטערקייט און פון דער לויטערקייט פון דעם לאנד פון ריינקייט.

האָט זיך דער בן מלך אויפגעהויבען און האָט זיך געלאָזט געהן מיט בערעל פּראגער צו דעם לאנד פון ריינקייט אזוי שנעל, אז זיי האָבען קוים אָנגערירט די ערד מיט די פיס. און אויף מאָרגען, ווען די זון איז אויפגעגאנגען זענען זיי אָנגעקומען צו די טויערען פון דעם לאנד פון ריינקייט.

**ז.**

בערעל פראגער איז דאָך שוין געהאט אויסגעפאָרען א וועלט און האָט שוין אויף זיין לעבען געזעהן גענוג וואונדער און לענדער, אָבער אזא לאנד ווי דאָס לאנד פון ריינקייט האָט ער נאָך אין זיין לעבענסטאָג ניט געזעהן. די גאסען און די שטעט זענען אלע גע־ווען געפלאסטערט פון עלפאנטביין, און זענען געווען פארשפרייט מיט סאמעט און זייד, די הייזער זענען אלע געווען פון גלאָז און די פאלאצען פון קרישטאָל, און פון דעם שיין פון דער זון האָבען זיי אלע געפינקעלט מיט מיליאָנען ליכטער, און די מענשען זענען אלע געווען געקליידט אין ווייסען. און זיי זענען אלע געגאנגען מיט לייכטע טריט און ליכטיגע אויגען אויף די גאסען, וואָס פיהרען צו די טויערען פון דעם לאנד, וואָרים זיי זענען אלע געוואָר גע־וואָרען, אז עס קומט צוריק דער שעהנער בן מלך וועמען זיי האָבען אלע ליב. און אזוי איז בערעל פראגער און דער בן מלך באגע־געגנט געוואָרען מיט גרויס פרייד פון דעם גאנצען פאָלק און פון דעם מלך.

דער מלך האָט אודאי געוואָלט מאכען א גרייסע סעודה פון בערעל׳ס כבוד וועגען, בערעל אָבער האָט זיך אָנגערופען, אז ער קאָן דאָ גאָר קיין צייט ניט פארלירען. נאָר אז ער וויל מען זאָל אים גלייך צושטעלען הונדערט שטארקע מענשען, יעדער מענש זאָל מיט זיך טראָגען צעהן שטארקע שטריק, און מען זאָל אים אויך מיטגעבען עטליכע פעסער שטארקען וויין. וואָרים ער מוז גלייך געהן צוריק אין וואלד צו די גזלנים.

זאָגט צו אים דער מלך און די איבעריגע פארזאמעלטע:
— סטייטש, ווי שטעלסטו זיך גאָר אונטער צו טאָן אזא זאך. דו ווייסט דאָך, אז אזוי פיעל גרויסע מחנות האָבען זיי ניט געקאָנט בייקומען.
האָט זיך אָבער בערעל אָנגערופען און האָט צו זיי געזאָגט:
— זייט וויסען, אז איך בין בערעל פראגער, און אז אויב אייערע מחנות וואָלטען געוועז באזיגט די דאָזיגע גרויע רויבער, וואָלט דאָך מיך מן הסתם גאָט און דער פראָגער רב ניט גע־דארפט שיקען אהער צו אייך. און אויב איך בין שוין יא אהער גע־בראַכט געוואָרען, איז דאָס דאָך מן הסתם צוליב דעם, אז איך זאָל זיי בייקומען. איילט זיך דעריבער און שטעלט מיר גלייך צו וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך, וואָרים די צייט איז קורץ.
— עה! — האָבען זיך אלע אָנגערופען אין איין קול — דו ביזט דאָס א איד פון פראָג, פון דעם אָרט וואו עס געפינט זיך דער פראגער רב, וועמעס ליכטיגקייט און שעהנקייט עס שיינט אַזוי אָפט אריבער צו אונז אין דעם לאַנד פון ריינקייט און העלקייט אונז אזוי אָפט צו בויען אלץ נייע קרישטאָלענע פאלאצען און ליכטיגע הייזער און ציכטיגע גאסען. קוק זיך אום און זעה, זיין ליכט פינקעלט דאָך אויף אלע קרישטאָלענע שפיצען פון אונזערע טורעמס און דעכער. און אז וויבאלד אזוי איז דאָך ניט אנדערש נאָר טאקע אז גאָט אליין האָט דיך אהער געבראַכט! און מיר וועלען דיך אודאי הערען און פאָלגען און טאָן דיין פארלאַנג.

ח.

און די איינוואוינער פון דעם לאַנד פון ריינקייט האָבען פון זיך גלייך אויסדערוועהלט הונדערט שטאַרקע קריגער, און דער בן מלך איז אויך געווען צווישען זיי.

און בערעל האָט זיי אַלע געבראַכט אין וואַלד און האָט זיי אין דער שטיל צוגעפירט צו דעם וואונדערבאַרען בוים מיט'ן גרויסען שטיין און ער האָט פאַר זיי אין די אויגען אָנגערופען דעם שטיין ביי זיין נאָמען. האָט זיך דער שטיין גלייך געעפענט און ער איז מיט זיי אריינגעקומען אינעווייניג, און ער האָט גלייך גע־הייסען פארשטאָפּען אַלע קוואלען און האָט זיי נאָכדעם אָנגעגאָסען מיט'ן שטאַרקען וויין און מיט דעם שלאָפגעטראַנק, וואָס דער ליכטיגער גרייז האָט אים אין דער מדבר געגעבען. נאָכדעם זענען זיי אַלע ארויס פון דער הייל און זענען ארויף אויף דעם בוים און האָבען זיך באַהאַלטען אויף זיינע גרויסע צווייגען.

און ווען עס איז געוואָרען נאַכט האָבען זיי אַלע מיטאַמאָל דערזעהן ווי פון דעם טיפען וואַלד ארויס איז אָנגעקומען די גרויע מחנה רויבער, ווי דער קעניג מיט דער פינקלענדיגער קרוין אויפ'ן קאָפּ איז ארויסגעפּאָרען פאַר זיי און האָט אָנגערופען דעם שטיין ביים נאָמען, און ווי אזוי דער שטיין האָט זיך געעפענט פאַר זיי און זיך צוגעמאַכט נאָך זיי. נאָכדעם איז אַלץ אין וואַלד געוואָרען שאַ שטיל.

און אזוי האָט זיך גענומען אוועקגעהן אַ שעה נאָך אַ שעה, ביז מיטאַמאָל האָט זיך ערגעץ אין וואַלד אַ געשפּאָלטענע צווייג

א זוויג געטאָן און האָט ארויסגעלאָזען א לאנגען סקריפּ. דער סקריפּ האָט אויסגעשריען, ווי דאָס קרעהען פון א האָן. האָט בערעל געמיינט, אז דאָס איז אודאי דער סימן אויף וועלכען ער האָט געווארט, איז ער אראָפּ פון בוים און איז צוגעגאנגען צום שטיין און האָט אים אָנגערופען ביים נאָמען, האָט זיך דער שטיין גלייך געעפענט און בערעל איז אריין אין הייל און דער שעהנער בן מלך נאָך אים. און אז בערעל פּראגער האָט דאָס דערזעהן האָט ער זיך אָנגערופען, אז עס איז בעסער, אז דער בן מלך זאָל שטעהן ביים ארייננאנג, ווייל ווער וויים וואָס עס מאכט זיך! האָט דער בן מלך אזוי געטאָן, און בערעל פּראגער האָט זיך אליין געלאָזט צו די באלויכטענע פּאַלאַצען. ווי ער געהט אזוי אריין אין איינעם פון די פּאלאצען טרעפט ער גאָר, אז דאָרט איז א גרויסע שמחה, און אז מוזיק שפּילט דאָרט. טראכט ער זיך: א וויבאלד אזוי איז דאָך טאקע שלעכט, וואָרים עס הייסט דאָך, אז דער וויין און דער שלאָפגעטראַנק האָט נאָך אויף זיי ניט געווירקט...

און איידער וואָס־ווען, האָבען אים שוין עטליכע פון זיי דערזעהן...

פון אָנהויב האָט זיך בערעל פּראגער אזוי שטארק דערשראָקען, אז פאַר שרעק האָט זיך אים אַזש גענומען דרעהען רעדער פאַר די אויגען:

— געטרייער פאָטער אין הימעל, האָט דען דער האָן ניט געקרעהט!? — האָט ער אויסגעשריען אין זיך — צי האָסטו דען מיך געבראכט אהערצו ניט כדי צו ראטעווען דאָס לאנד פון ריינקייט? דו האָסט דאָך מיר אזויפיעל צייכענס געוויזען! איז דאָס אלץ געווען נאָר כדי אָפּצונארען מיך? באלד אָבער כאַפּט ער זיך, אז דאָס קאָן ניט זיין, און אז א איד טאָר איבערהויפּט אזוי ניט טראכטען. און אז דער וואָס לעבט אייביג וואָלט ניט אוועקגענומען אים דעם אָרימען בערעל פּראגער, פון דער שטאָט

פּראג, פון זיינע אָרימע ווייב און קינדער, און וואָלט אים ניט געוויזען אזויפיעל וואונדער אומזיסט און אומנישט, בלויז כדי ער זאָל גע׳הרג׳עט ווערען אין אָט אָ דער הייל און קיינער זאָל גאָר נאָכדעם אפילו ניט וויסען וואו זיין געביין איז אהינגעקומען. ניין, דאָס קאָן ניט זיין. איך בין א איד און א איד מוז זיך זעהן אן עצה געבען אין פנית פון דעם גרעסטען אומגליק. און דער אויבערשטער וועט שוין מן הסתם העלפען, אויב ניט פון מיינעט וועגען איז צוליב דעם בן מלך פון דעם לאַנד פון ריינקייט וועגען. מען דארף זיך שטארקען.

און בערלען פאַלט גלייך אריין אין קאָפּ א מאָדנער פּלאַן:
ער וועט זיך פארשטעלען פאר אַ מאַרשאַליק!

און ער נעמט און קערט גלייך איבער זיין היטעל מיט דער לינקער זייט ארויף, און ווען די גרויע רויבער זענען צוגעלאָפּען צו אים און אים געכאַפּט אונטער די הענט, האָט ער געלאכט, און ווען זיי האָבען אי םגעבראַכט פאר׳ן קעניג און דער קעניג האָט אים גענומען פרעגען:

— ווער ביזטו?

האָט ער מיט זיין האנט אָנגעוויזען אויף דעם איבערגעקערטען היטעל און געזעצט:

— איך בין א מארשאליק.

— און ווי אזוי קומסטו אהער? — פרעגט דער קעניג.

ענטפערט ער:

— אז איך בין אַ מאַרשאַליק, קאָן איך דאָך מאַכען זעהר א סך קונצען.

— און וואָסערע נאָך קונצען קאָנסטו ווייזען? — פרעגט דער גרויער קעניג.

— איך קאָן דיר ווייזען א קונץ און לעבעדיג מאכען דעם שעהנעם בן מלך, וואָס איז ביי אייך דערטרונקען געוואָרען.

ווי נאָר דער גרויער מלך און די אנדערע גרויע רויבער האָבען דערהערט אזוינע רייד, האָבען זיי זיך אודאי שטארק פארוואונ־דערט, און דער מלך פרעגט:

— ווי קומסטו גאָר אינגאנצען וויסען פון דעם שעהנעם בן מלך?

— לאכט זיך בערעל פאנאנדער און גיט א טרייסעל מיט זיין איבערגעקערטען היטעל פונקט ווי דאָס וואָלט געווען א מיצעל מיט גלעקלעך, און ער ענטפערט און זאָגט:

— וואָס הייסט ווי איך וויים? איך בין דאָך א מאר־שאליק!

רופט זיך צו אים אָן דער בייזער גרויער מלך:

— אויב דו ביזט יאָ אזא גרויסער מארשאליק, וועל איך דיר הייסען אראָפּהאקען דעם קאָפּ און ערשט נאָכדעם וועל איך זעהן וואָסערע קונצען דו קאָנסט מאכען.

און דער מלך האָט גלייך באפוילען איינעם פון זיינע לייט אים אראָפּצוהאקען דעם קאָפּ.

ווי נאָר אָבער יענער האָט ארויסגעצויגען זיין שווערד און אים אויפגעהויבען אין דער לופטען, אזוי איז גלייך אריינגעקומען דער שעהנער בן מלך און האָט מיט זיין שווערד ארויסגעקלאפּט די שווערד פון דער האנט פון דעם רויבער.

און אז די איבעריגע גרויע רויבער האָבען מיטאמאָל צווישען זיך דערזעהן דעם שעהנעם בן מלך וועמען זיי האָבען גערעכענט פאר א דערטרונקענעם איז זיי באפאלען א גרויסער שרעק און זיי האָבען זיך אלע א הויב געטאָן פון זייערע ערטער און האָבען זיך נעכאַפּט פאר זייערע שווערדען. האָט זיך אָבער פּלוצלונג פון ערגעץ דערהערט דאָס קרעהען פון א האָן און אין דער מינוט האָט אויף זיי מיטאמאָל גענומען ווירקען דער וויין און דער שטארקער

שלאָפגעטראנק און זיי האָבען אלע גענומען פאלען איינער אויף איינעם, ווי אונטערגעבראָכענע.

האָט דאָ ערשט בערעל פּראגער איינגעזעהן, אז ער איז אריינגעקומען אין דער הייל פאר דער צייט, און ער האָט פארשטאנען אין וואָסער א סכנה ער האָט דורכדעם ארייגעבראַכט זיך און דעם שעהנעם בן מלך, און ער האָט געדאַנקט און געלויבט גאָט פון גאנצען הארצען פאר דעם וואָס ער האָט אים געגעבען צוריק דאָס לעבען און דאָס לעבען פון דעם בן מלך פון דעם לאנד פון ריינקייט. און ער מיט דעם בן מלך האָבען זיך זעהר געפרעהט, און זיי האָבען נאָכדעם אראָפּגערופען זייערע לייט, וואָס זענען געלעגען באהאלטען אויפ'ן גרויסען בוים, און זיי האָבען זיך גענומען בינדען די גרויע גזלנים.

ט.

יעדער פון די מענשען פון דעם לאַנד פון ריינקייט האָט גע־בונדען צו צען פון די ווילדע גרויע רויבער, און ווען אלע זענען שוין געווען געבונדען, האָבען זיי זיך גענומען איבערקוקען די גיטער פון די רויבער, און זיי האָבען געפונען פיעל גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער און פיעל געווער, און שאָף און רינדער, און פיעל שמאַלען מיט פערד און מיט זעהר א סך וועגענער. האָבען זיי גענומען און האָבען איינגעשפּאַנט די פערד אין די וועגענער און האָבען זיי אָנגעפּאַקט מיט אלץ וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט און האָבען אויף אים אַרויפגעלייגט די געבונדענע רויבער, וואָס האָבען נאָך אלץ ניט אויפגעוואַכט פון זייער שווערען שלאָף, און זיי האָבען אויך פאַרנומען די שאָף און די רינדער, און האָבען זיך אַזוי אַרויסגעלאָזט פון דער הייל אין א גרויסער שווערער מחנה און זיי זענען אַזוי בשלום דורך דעם וואַלד און זענען אָנגעקומען צו דעם לאַנד פון ריינקייט.

ווי נאָר אָבער זיי זענען אָנגעקומען אין די טויערען פון דעם לאַנד פון ריינקייט קוקען זיי זיך מיטאַמאָל אלע אום, אז די שרעק־ליכע גרויע רויבער זענען גאָרניט גרוי, נאָר ווייס!...

און די איינוואוינער פון דעם לאַנד קוקען זיך איין און שטוי־נען. סמייטש! דאָס זענען דאָך גאָר קיין רויבער ניט, נאָר זייערע אייגענע מענשען! מענשען פון דעם לאַנד פון ריינקייט! און דאָס איז דאָך גאָר די ערשטע כיתה גבורים, וואָס זיי האָבען אַרויס־געשיקט געגען דער שרעקליכער חיה... און אז זיי האָבען דאָס

אַלע דערזעהן האָבען זיי אודאי ניט געוואוסט, וואָס דאָס זאָל באַטייטען.

און אז בערעל פּראַגער האָט דאָס דערזעהן און דער־הערט, האָט ער געהייסען אז מען זאָל זיי פאנאנדערבינדען און מען זאָל זיך נאָכדעם ארומשטעלען ארום זיי. האָבען זיי אים געפאָלגט און האָבען אזוי געטאָן. און ווען דאָס גאנצע פאָלק פון דעם לאַנד פון ריינקייט איז שוין געשטאַנען ארום די פאנאנדער־געבונדענע גבורים, וואָס זענען נאָך אַלע געשלאָפען ווי גע'הרג'עטע איז בערעל אריין אינמיטען פון דער שלאָפענדיגער מחנה און האָט אויף א הויך קול אויסגעשריען:

— איך, בערעל פּראַגער, פון דער שטאָט פּראַג, וועמען עס איז באַשערט צו שטעהן אויף דעם אָרט וואו ער שטעהט, בין אויף אייך גוזר צו פארלאָזען אייער שלאָף.

האָבען גלייך אַלע שלאָפענדיגע גבורים גענומען רייבען זייערע אויגען און הויבען די קעפּ. און ווען זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט און האָבען זיך אומגעקוקט וואו זיי זענען אין דער וועלט האָבען זיי אויך זיך אַלע גענומען רייסען די קליידער פאַר שאַנדע און פאַלען אויף זייערע פּנים'ער און זיי האָבען אויפגעהויבען זייער קול אין א גרויס געוויין.

און ווען די איינוואוינער פון דעם לאַנד פון ריינקייט האָבען זיך ביי זיי נאָכדעם גענומען פאַנאַנדערפרעגען וועגען דעם, וואָס מיט זיי האָט געטראָפען, האָט דער עלטסטער פון דער ווייגענדי־גער מחנה דערצעהלט.

אַז עס איז געווען ווען זיי זיינען לכתחלה אריין אין דעם טיפען וואַלד צו זוכען די חיה וואָס שרייט מיט אַזאַ מיאוס קול איז אויף זיי אָנגעקומען אַזאַ מין שרעקליך גרויסע גרויע מויז. די מויז איז געווען גרעסער פון אַלע חיות וואָס זיי האָבען ווען אין וואַלד באַגעגענט, און שנעלער פון אַלע חיות נאָך וועלכע זיי

האָבען זיך ווען נאָכגעיאָגט. קיין קויל האָט זי ניט גענומען און קיין שטיינער האָבען זי ניט געטראָפען. און די דאָזיגע מויז האָט גענומען מיט איר שרעקליכער שנעלקייט לויפען אַרום אונזער מחנה און שרייען מיט איר שרעקליכען קול. דאָס בלוט האָט פון דעם גענומען גליווערען אין אונזערע אָדערען. און ווען זי איז אַזוי אַרום אונז עטליכע מאָל אַרומגעלאָפען האָבען מיר זיך מיט אַמאָל אומגעקוקט און דערזעהן, אַז מיר זיינען אַלע געוואָרען גרוי ווי מייז... נאָכדעם האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט קעגען אונז אויף די אונטערשטע פיס און האָט גענומען קוקען אויף אונז אַזוי, אַז מיר האָבען זיך אַלע גענומען שטעלען פאַר איר אויף די קניע. און ווען זי האָט זיך נאָכדעם אויסגעדרעהט און גענומען געהן האָבען מיר איר אַלע געמוזט נאָכגעהן. און זי האָט אונז פאַרפירט אין איר פאַר'כשופ'טער הייל. און זי האָט אויף מיר אָנגעטאָן אַ פינקלענדיגע קרוין און מיך געמאַכט פאַר איר מלך. און זי איז געוואָרען אונזער גאָט און מיר פּלעגען פאַר איר אַלע טאָג מוזען קניען און נאָכדעם אַרויסגעהן אויף מלחמות כדי מיר זאָלען איר קאָנען ברייננגען געגנוג פרישע מענשליכע הערצער צום עסען.

און ווי נאָר בערעל פראַגער האָט דערהערט די דאָזיגע לעצטע ווערטער האָט ער זיך לענגער ניט געקאָנט איינהאַלטען און אויס־געשריען:

— אָבער וואו געפינט זיך איצטער די דאָזיגע שרעקליכע חיה? וואו האַלט זי זיך אויף?

— מיר האָבען איר אָנגעטאָן גאָלדענע רינגען אויפ'ן האַלז און אויף די פיס און מיר האָבען זי פאַרשפּאַרט אין אַ זילבערנער שטייג, כדי זי זאָל פון אונז ניט אנטלויפען, — האָט זיך אָנגע־רופען דער עלטסטער.

זאָגט אָבער בערעל פּראַגער:

— היתכן, מיר האָבען דאָך דורכגענישטערט די גאַנצע הייל,

און מיר האָבען גאָר אַזאַ שטייג נייט באַגעגענט און אַזאַ חיה ניט געזעהן.

זאָגט צו אים דער עלטסטער:

— איך וואָלט דיר געגאַנגען ווייזען די דאָזיגע שטייג מיט דער חיה, האָב איך אָבער מורא, אַז איך וועל חלילה צוריק גרוי ווערען ווי א מויז און וועל נאָך נאָכדעם חלילה ווידער מוזען פּאָלגען, וואָס זי וועט מיר הייסען.

רופט זיך אָן בערעל פּראַגער:

וואָס איז שייך מורא האָבען! ווען גאָט וואָלט חלילה ניט וועלען, אַז אַלין זאָל זיך אויסלאָזען צו גוטען, וואָלט ער דאָך מיך ניט געבראַכט ביז אַהערצו און וואָלט מיך ניט געמאַכט צו זעהן אַלין, וואָס איך האָב געזעהן און צו טאָן אַלין, וואָס איך האָב געטאָן.

איז דערפאַר נאָכדעם געבליבען, אַז דער עלטסטער און בערעל און דער מלך פון דעם לאַנד פון ריינקייט און נאָך עטליכע געקליבענע מענשען זאָלען זיך אויפזעצען אויף זייערע פערד און זאָלען געהן צוריק צו דער פאַר׳כישופ׳טער הייל. ווייל זיי האָבען אַלע שטאַרק גענומען גלויבען אין בערלען, דערפאַר וואָס ער קומט פון דער שטאָט פּראָג, וואו עס וואוינט דער גרויסער צדיק, דער פּראַגער רבי, דער בעל מופת, מיט וועמעס טבילה זיי פלעגען זיך אַלע בענשען און ליבען און גרויסען, און וועמעס ליכטיגע פּאַלאַצען פלעגען אַזויפיעל כבוד און ליכטיגקייט ברייננגען צו די גאַסען פון זייער לאַנד.

### י.

און אז בערעל פּראגער איז מיט זיינע באגלייטער צוריק גע־קומען אין דער פאר'כישופ'טער הייל, האָט דער עלטסטער זיי נעפירט ביז צו א געוויסען אָרט און פון דאָרט איז ער מיט זיי נאָכדעם אָפּגעגאנגען דריי מאָל רעכטס און דריי מאָל לינקס און איין מאָל גלייך. און ווי נאָר זיי האָבען אזוי געטאָן, האָבען זיי פאר זיך גלייך דערזעהן א זילבערנע שטייג מיט דער שרעקליך גרויסער מויז מיט גאָלדענע רינגען. ארום דער ווילדער מויז זיינען געלעגען א סך ניט דערגעסענע מענשליכע הערצער.

און אז די דאָזיגע שרעקליכע מויז האָט זיי דערזעהן, האָט זי גלייך דערפיהלט, אז דאָ איז עפּעס ניט מיט אלעמען און זי האָט גענומען ווילד שפּרינגען אויף אירע אונטערשטע פיס און צעעפענען בייז איר גרויען מויל, גרייט אלעמען אויפצועסען. בערעל פּראגער איז אָבער גלייך צוגעגאנגען צו דער שטייג און האָט זיך אָנגערופען:

— דו מיאוס'ע באַשעפעניש! דו האָסט זיך אונטערגענומען צו פארדארבען דאָס ליכטיגע לאנד פון ריינקייט, איצט אָבער וועסטו פארדאָרבען ווערען, וואָרים אויב ניט, איז צוליב וואָס דען בין איך פארפירט געוואָרען ביז אהערצו?

און בערעל פּראגער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פלעשעל מיט דעם שווארצען זאפט, וואָס ער האָט מיט זיך געהאט אין קעשענע, און כדי צו זיין זיכער, אז ער וועט דאָס ארויפגיסען דער מויז אויפ'ן רוקען, איז ער ארויפגעקראָכען אויף דעם דאך פון דער

שטייג און גענומען שפּריצען אויף דער חיה פון דעם פלעשעל. האָט די מויז מיט אַמאָל דערפיהלט, ווי פלאַמען וואָלטען זי ארומ־גענומען און זי האָט זיך אַזא וואָרף געטאָן, אז די שטייג איז זיך גלייך אויף שטיקער צעפאַלען. בערעל פּראַגער איז אראָפּגעפאַלען גלייך אויף דער חיה. לאַנג טראַכטען האָט דאָ בערעל אוודאי קיין צייט ניט געהאַט, האָט ער זיך גלייך אָנגעכאַפּט אָן דעם גאָלדענעם רינג, וואָס אויף איר האַלז. די חיה אָבער האָט זיך אָן אַלץ פאַר־געסען און זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צום טייך, כדי צו לעשען די שרעקליכע פלאַמען, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען פיהלען אַלץ ווילדער און בייזער. דאָס וואַסער פון טייך האָט זיך ארויפגע־שלאָגען אין דער לופטען און איז אריבער די ברעגען, און די מויז האָט זיך אַזוי מיט אַ שווידערליכען אימפּעט גענומען טראָגען איבער'ן טייך, און פון דעם טייך אין אָן אַנדערען, און פון דעם אַנדערען אין נאָך אָן אַנדערען, ביז זי איז אַזוי אין איר ווילדען געלויף אריין אין ים און איז אַזוי אַלץ ווייטער און ווייטער גע־לאָפען, געטריבען פון דעם ווילדען בראַנד אין אירע ביינער. און בערעל פּראַגער איז זיך אַזוי אַלץ געלעגען אויף איר רוקען און זיך מיט אַלע זיינע כחות אָנגעהאַלטען מיט זיינע ביידע הענט אָן דעם גאָלדענעם רינג וואָס ארום איר האַלז.

אַ טאָג און אַ נאַכט האָט זיך אַזוי בערעל פּראַגער ארומ־געטראָגען איבער'ן ים צווישען די שרעקליכע וואַסערהויפענס, וואָס די מויז פון דעם פאַר'בישופ'טען הייל האָט אויפגעשלאָגען אין איר ווילדען פאַרלאַנג צו לעשען דאָס פייער, וואָס זי האָט אין זיך געפיהלט.

בערעל פּראַגער'ס הענט האָבען שוין גענומען ווערען שוואַך. אָט, אָט און ער וועט חלילה נאָכלאָזען און אריינפאַלען אין די טיפענישען פון ים. האָט אָבער גראָד דעמאָלט דער פּראַגער רב פאַרשפּרייט זיין טיכעל און זיך אויף דעם געלאָזט פאָרען איבער'ן

פראַגער טייך. האָט דאָס דעם ים׳ס שטראָם גענומען ציהען קיין פראַג. און אַז די שרעקליכע באַשעפעניש איז מיט בערלען אויף איר רוקען אריין אין די וואַסערען פון פראַגער טייך, האָט דער פראַגער רב אויפגעשיינט אין זיין גאַנצער ליכטיגקייט, דאָס וואַסער און די לופט האָט זיך גענומען שפּיגלען מיט זיין ליכטיגקייט אויף מיילען, און ער האָט אַזוי א ליכטיגער אויפגעהויבען זיין שטעקען און זיך געלאָזט אַנטקעגען דער חיה, און ווי נאָר זי האָט דאָס דערזעהן האָט זי געגעבען א שרעקליך ווילדען שפּרונג אויף צוריק, האָבען בערעל׳ס אָפּגעשוואַכטע הענט נאָכגעגעבען, און ער איז אַראָפּגעפאַלען אין וואַסער אריין. האָט אים אָבער דער רבי גלייך דערלאַנגט זיין שטעקען, האָט ער זיך אָן אים אָנגעכאַפּט און האָט זיך אויף אים אַרויפגעשטעלט. און האָט זיך נאָכדעם אָנגענומען אָן רב׳ס גאַרטעל, און אַזוי זיינען זיי אינאיינעם אָנגעקומען צוריק קיין פראַג.

